כאסע אנטיטש

# פראַנסיסקאָ פערערס פעדאַגאָגיע

(פון שפאַנישען)

פרייז 20 סענט



ארויסגעגעבען פון דער
אידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט
לאוואושע 2346, בוענאס איירעס

# אריינפיהר

איך וועל ריידען וועגען פראנציסקא פעררער אלס פעדאגאג. איך מיין אז זינט זיין טויט איז שוין פארביי גענוג צייט אויף צו קענען טון דאס רוהיג און באטראכט.

מען האט א סך גערעדט וועגען איהם, אבער באזונדער האט מען גערעדט וועגען דעם וואס אנבאלאנגט דער יולי רעוואלוציע און וועגען זיין טראגישען טויט. וואס געהער זיך אן דער וויסענשאפט, הייזען ארויס כמעט די אלע וואס ריידען וועגען איהם, אז זיי קענען איהם אבסאלוט ניט. די שונאים באטראכטען איהם פון אויבען אראפ, און די אנהענגער, זעהט אויס, אז אויך זיי, מעהרסטענס, גיבען ניט צו קיין גרויס געוויכט זיין טאלאנט, כאטשע זיי קארגען ניט קיין לויב פאר איהם אין אנדערע הינזיכטען. איך וועל, אלזא, באווייזען דעם טעות פון זייער מיינונג. איך וועל דערווייזען אז פעררער איז געווען א פעדאגאג; אז ער איז געווען א באאבאכטער און א ווילענס מענש אין איין און דער זעלבער צייט.

עס איז נאריש צו פארמאכען די אויגען פאר דאס וואס איז גאנץ קלאר; עס וועט פארביי געהן די רעגונג וואס זיין טויט האט ארויסגערופען און עס וועט בלייבען דאס אייביגע, וואס דאס איז די פאזיטיווע ארבייט פון די מענשען. עס וועט בלייבען: די פעדאגאגישע וויזיאן וואס ער האט צוזאמענגעפרעסט אין זיינע מערקווירדיגע ליטעראַרישע ארבייטען, און די ווילענס קראפט וואס ער האט באוויזען אויף ארויסצוברייננגען זיינע אידעען אין דער פראקטיק, זוכענדיג צו באנייען די שול.

פעררער איז געווען א וויסענשאפטסמאן, אינ'ם ברייטסטען און שטרענגסטען זין פון דעם ווארט. ער האט קלאר געזעהן די פעהלערן אינ'ם אונטעררויכט און האט אנגעוויזען אויף די מיטלען ווי זיי צו פאררויכטען. ער האט געזעהן אז וויילאנג עס בלייבט עקזיסטירען דער כאראקטער פון דער איצטיגער שול, וועט אוממעגליך זיין אויסצובילדען מעהר אדער וועניגער פערפעקטע מענשען, און ער האט אנטדעקט די באזיס אויף וועלכע עס דארף זיך גרינדען די נייע שול; דערפאר זאג איך אז ער איז געווען א וויסענשאפטסמאן.

די גרויסע מעהרהייט פון די וואס מען רעכענט פאר וויסענשאפטסמענער, זענען דאס ניט. א טייל וויסען נאר דאס וואס עס שטעהט געשריבען אין די ביכער וואס זיי האבען געלייענט, נאר זיי ווייסען דאס אויף אויסווענדיג; אנדערע שטעלען צוזאמען אונפארשטענדליכע ווערטער-פלוידערייען וואס אין זייער תוך איז נישטא מעהר

ווי פוסטקייט און הויכקלינגענדע פינסטערקייט מיט אַ שיין פון וויסען, נאר קיינער פון זי איז ניט פעהיג אַ רוק צו טון די וויסענשאפט פון זייער צייט אויף דאס מינדסטע ווייטער.

וויסענשאפטסמאַן דאַרף מען אנרופען דעם וואס געפינט אויס אן אמת און עס געלינגט איהם צו ציהען פון דעם אמת קאנסעקווענצען וואס זאלען נוצען בריינגען דער וועלט. פעררער איז געוועזען אַ וויסענשאפטסמאַן דערפאר וואס ער האט אנטדעקט אַז די שלעכטיגקייט פון די איצטיגע מענשען איז די פאלגע פון דער ערציהונג וואס זיי האבען באַקומען. די געזעלשאַפט שיקט איהרע קינדער אין שול כדי צו ערציהען זיי, נאר דער רעוולטאַט איז אַז זיי פאַסען זיך צו צום אמביענט פון דער סאציאלער שקלאפעריי אין וועלכער מיר וואוינען. די שולע ערציהט די קינדער כדי, ווען זיי וועלען אויסוואקסען, זאלען זיי געדולדיג ליידען די פעהלערן, די פאראורטיילען און די טיראניען אויף וועלכע עס שטיצט זיך דער דינאמיזם פון דער מענשהייט.

אַזוי ארום איז דער פראגרעס אוממעגליך. וואס מען פועלט דערמיט איז בלויז דאס אנהאלטען פונ'ם „סטאטו קוא"; וואס מען פועלט דערמיט איז בלויז די פאראייביגונג פון אַ מענשהייטס לעבען וואס איז נעהענטער צום לעבען פונ'ם פרימיטיווען מענשען פון די הייהלען ווי צום לעבען פון אַ פארפאלקאמטען, אבסאלוט דערלייזטען וועזען.

פעררער האט אויסגעפארשט די פעהלערן פון אָט דער שעדליכער ערציהונג, און האט אונז געגעבען אַ פולשטענדיגען פעדאגאגישען פלאן ווי זי צו טראנספאָרמירען. פעררער איז געוועזען אַ וויסענשאפטסמאַן: דאס איז די קרוין וואס מען דאַרף צוגעבען צו די קרוינען פון אפאסטאל און מארטיר מיט וועלכע מען האט זיין שטערן באַצירט. זיין ווערק וועט זיגען, ווי עס זיגען אַלע גוטע ווערק, און די צוקונפטיגע מענשהייט וועט איהם זיין פארפליכט פאר דער הויפט אורזאַכע פון איהר פראגרעס.

## ערשטער קאַפּיטעל

# טראַנספאָרמאַציע און באַנייאונג פון דער שול

פראַנציסקא פערערס לעבען צייכענט זיך אויס מיט טעטיגקייט; אַ באַשטענדיגע אייזערנע טעטיגקייט, וואָס ווערט אויסגעפיהרט פון אַ מענשען מיט אַ מעכטיגען ווילען. ער איז געווען אַזוי פרוכטבאַר אין טעטיגקייט ווי קאַרג אין שרייבען; אָבער ניט אויף אַזוי פיעל אַז עס זאָלען ניט בלייבען נאָך איהם קיין שריפטליכע עקספּאָזעס פון זיינע אידעען. אין זיין אַרבייט וואָס טראָגט דעם טיטעל „די באַנייאונג פון דער שול", וואָס איז געדרוקט אין'ם נומער 1 פון'ם „בולעטין פון דער מאָדערנער שול" (באַרצעלאָנא 1-טער מאַי 1908), זענען אייגענטליך גענצליך סינטעטיזירט די גרונד פּרינציפּען פון זיין קרעדאָ.

דער אַרטיקעל, ווי די אַלע איבעריגע וואָס איך וועל ציטירען, איז איבערגעדרוקט אין'ם ווערק „די מאָדערנע שול", וואָס איז אַרויס-געגעבען געוואָרען פון'ם פאַרלאַג וואָס טראָגט דעם זעלבען נאָמען, אונטער דער פיהרונג פון דאָן לאָרענצאָ פּאָרטעט. (1)

די ליטעראַרישע פאָרם מיט וועלכער פערער באַנוצט זיך איז קורץ, קרעפטיג און דורכלויכטענד. ער געהט כמעט קיינמאָל ניט אַרויס פון דער ספעהרע פון פּשטות; נאָר אין די מאָמענטען ווען ער הויבט אַרויס אין געדאַנק דעם סילועט פון'ם צוקונפטיגען מענשען, וועלכער דאַרף זיין דער זוהן פון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגישער וויסענשאַפט, דערהויבט ער זיך צו אַזאַ פּאַטעטישער שטאַרקייט וואָס גרעניצט מיט דערהויבענקייט. דאָס איז דאָס ווערק וואָס איך האָב אויס'ן ערשטען פּלאַן אויסגעקליבען אויף צו שטיצען מיינע הנחות. איך וועל אָפּשרייבען זיינע הויפּט זאַצען, און באַזירענדיג מיך אויף דעם טעקסט, וועל איך אויסלייגען די מיינונג וואָס דאָס רופט ביי מיר אַרויס.

(1) אין אידיש איז דער אַרטיקעל איבערגעדרוקט אין ר. ראָקער'ס „פראַנציסקא פערער", ז' 84—94.

די אַרויסגעבער.

דאס ערשטע וואס עס ציהט פֿעררערס אויפֿמערקזאמקייט, איז דער אויסוואהל פֿון דעם מיטעל וואס מען דאַרף באַנוצען כדי צוצוקומען צו דער פּערפֿעקטער שול. דאַרף טראנספֿארמירט ווערען די איצטיגע? דאַרף געשאַפֿען ווערען אַ נייע שול? וועגען דעם דריקט ער זיך אויס אַזוי:

„צוויי אופֿנים פֿון טעטיגקייט שטעלען זיך אַוועק פֿאר די וואס ווילען באַנייען די קינדער ערציהונג: אַרבייטען פֿאר דער טראנספֿארמאציע פֿון דער שול דורך דעם שטודיום פֿונ'ם קינד, כדי צו באַווייזען וויסענשאַפֿטליך אַז די איצטיגע ארגאניזאציע פֿונ'ם אונטערריכט איז פֿעהלערהאַפֿט און אנווענדען פּראגרעסיווע פֿארבעסערונגען; אָדער גרינדען נייע שולען וואו עס זאלען דירעקט אנגעווענדט ווערען די פּרינציפּען וואס פֿיהרען צו דעם אידעאַל פֿון דער געזעלשאַפֿט און פֿון די מענשען, ווי ער האט זיך אויסגעבילדעט ביי די וואס זענען געגען די קאָנווענציאָנאַליזמען, געגען די גרויזאמקייטען, געגען די געקינסטעלטקייטען און ליגענס וואס דינען אַלס באַזיס פֿאר דער מאדערנער געזעלשאַפֿט.

דער ערשטער אופֿן איז אין אנקלאנג מיט דעם עוואלוטיווען באַגריף וואס וועט פֿארטיידיגט ווערען פֿון אַלע וויסענשאַפֿטסלייט און איז, לויט זייער מיינונג, דער איינציגער אויף וועלכען מען קען קומען צום ציעל.

טעאָרעטיש זענען זיי גערעכט, און אַזוי זענען מיר אויך גרייט דאָס צו אַנערקענען. עס איז קלאָר אַז די אנווענדונגען פֿון דער פּסיכאָלאָגיע און פֿון דער פֿיזיאָלאָגיע דאַרפֿען ברענגען וויכטיגע ענדערונגען אין די ערציהונגס מעטאָדען; עס איז קלאָר אַז די לעהרער, וועלכע האָבען די פֿעהיגקייטען צו פֿאַרשטעהן דאָס קינד, וועלען קענען און וויסען ווי צוצופּאַסען זייער אונטערריכט מיט די נאַטירליכע געזעצען. איך גיב אַפֿילו צו אַז אָט די עוואָלוציע וועט פֿארקומען אינ'ם זין פֿון דער פֿרייהייט, ווארום איך בין איבערצייגט אַז די געוואַלד-מאַכט איז דאָס רעכט פֿון דער אונוויסענהייט, און אַז דער ערציהער וואָס איז מיט אַן אמת ווערט דעם דאָזיגען נאָמען וועט דאָס אַלץ באַקומען

פון דער פרייוויליגקייט,, ווארום ער וועט זיין באַקאַנט מיט די פאַר־לאַנגען פונ׳ם קינד און וועט וויסען ווי נאָכצוקומען זיין ענטוויקלונג געבענדיג איהם די מעגליכסטע ברייטסטע באַפרידיגונג. אָבער, אין דער ווירקליכקייט, גלויב איך ניט אַז די וואָס קעמפען פאר דער מענש־ליכער באַפרייאונג קענען אַ סך ערוואַרטען פון אַט דעם אופן״.

דאָס זאָגט פערדער, און ער דריקט זיך אויס אַזוי אויס מורא פאר די שוועריגקייטען וואס קענען ארויסקומען ביים וועלען ריינינגען די שלעכטע געוואוינהייטען פון וועלכע עס ליידט די איצטיגע שול. עס איז פאראן אָהן אַ שיעור אינטערעסען וואָס שטעהען אין קאָן וואָס מען וועט מוזען אָנריהרען. פיהלענדיג זיך געטראָפען וועלען זיי זיך ענערגיש פארטיידיגען. אויב מען וועט מיט זיי פון אָנהויב אָן נוט איבעררייסען וועלען זיי גוואַלדיג שטערען דער אַרבייט. מען טאָר זיך ניט איינרייסען מיט זיי; מען דאַרף מיט זיי ניט קומען אין באַ־ציהונג, כדי ניט צו מוזען אנהאלטען אַ קאמף אין וועלכען עס זאָל אויסקומען צו עראבערען דעם באדען טריט נאָך טריט, און דערפאר איז עס בעסער צו שאַפען די נייע שול.

די שול איז דאָס מיטעל אין די הענט פון אַ באַשטימטער ציווי־ליזאַציע אויף צו פאראייביגען זיך. דערמיט וואָס זי צווינגט ארויף איהרע פרינציפען אויף די קינדער, געלינגט עס איהר צו לעבען און אייביג בייטען איהר יוגענד. זי וועט זיך עטוואס ענדערען אין דער פאָרעם, איהר תוך וועט אָבער תמיד זיין דער זעלבער אויב עס וועט איהר געלינגען איינצוזאפען זיך אין די יונגע הערצער. און נון: אויב די מאָדערנע שול דאַרף זיין אַ זאמען פון באַפרייאונג, אויב זי דאַרף זיין דאָס מיטעל ווי צו שאַפען קרעפטיגע, אינטעליגענטע און פרייע בירגער, וואָס זאָלען פעהיג זיין צו צעשטערען דאָס אַליץ וואָס איז גע־גען זייער אַרט דענקען און פיהלען, איז עס נאַטירליך אַז די אַלטע שול זאָל לעגען אויף איהר דעם וועטאָ. אויב זי טוט דאָס ניט, טוט דאָס די ציוויליזאַציע זעלבסט וועלכע האָט מורא פאר איהר טויט. דערפאר האלט פערדער ניט פאר מעגליך דורכצופיהרען זיין ווערק סיידען עס זאָל זיך אָפּשיידען פון אַלדאָס אַלטע און זאָל אויפשטע־לען די געביידע אויף אַ נייעם גרונד.

## צווייטער קאפּיטעל

# די רעגירונגען און די שול

פערדער שטודירט נאָכדעם די ווירקונג און די אַקציאָן וואָס די רעגירונגען איבען אויס אויף די שולען.

וועגען דעם ענין זאָגט ער פאָלגענדעס:

„עס איז שוין פאַרביי די צייט ווען די רעגירונגען האָבען זיך געשטעלט געגען דער פאַרשפּרייטונג פון בילדונג. פריהער איז די טאַקטיק מעגליך געווען פאַר זיי, ווייל דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון די פעלקער האָט דערלאָזט צו דער אונוויסענהייט פון׳ם פאָלק, די אונוויסענהייט וואָס האָט לייכטער געמאַכט צו הערשען איבער זיי. נאָר די אומשטענדען האָבען זיך געביטען: דער פאָרטשריט פון דער וויסענשאַפט און די פיעלפאַכע אַנטדעקונגען האָבען רעוואָלוציאָנירט די באַדינגונגען פון דער אַרבייט און פון דער פּראָדוקציאָן. עס איז שוין מעהר ניט מעגליך אַז דאָס פאָלק זאָל פאַרבלייבען אונוויסענד: מען דאַרף האָבען ער זאָל זיין געבילדעט כדי די עקאָנאָמישע לאַגע פון איין לאַנד זאָל זיך קענען האלטען און פּראָגרעסירען אַנטקעגען דער אַלוועלטליכער קאָנקורענץ. קומענדיג צו דער אַנערקענונג, האָבען די רעגירער געוואָלט אַז די שיל זאָל ווערען אַלץ פוילשטענדיגער און אָרגאַניזירטער, ניט דערפאַר ווייל זיי ערוואַרטען פון דער ערציהונג די באַנייאונג פון דער געזעלשאַפט, נאָר דערפאַר ווייל זיי נויטיגען זיך אין מענשען, אַרבייטער, מעהר פערפעקציאָנירטע אַרבייטס אינסטרומענטען, וואָס זאָלען פּראָדוקטיווער מאַכען די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און די קאַפּיטאַלען וואָס ווערען אין זיי אַריינגעלעגט.

די פיהרענדע עלעמענטען האָבען פאָראויסגעזעהן וואָס פאַר אַ געפאַהר פאַר זיי עס ברענגט מיט זיך די אינטעלעקטועלע אַנטוויקלונג פון די פעלקער און האָבען אומגעביטען די באַהערשונגס מיטלען, צופּאַסענדיג זיך צו די נייע לעבענס באַדינגונגען. כדי צו אויפהאלטען

די אַלטע גלויבענישען אויף וועלכע עס האט זיך געשטיצט די געזעלשאַפטליכע דיסציפלין, האָבען זיי געזעהן צוצוגעבען די מאָדערנע וויסענשאַפטליכע באַגריפען אַזאַ באַדייטונג וואָס זאָל ניט שטערען די איינגעאָרדענטע אינסטיטוציעס, און אָט דאָס האָט זיי געבראַכט דערצו אַז זיי זאָלען פֿארכאפען אין זייערע הענט די שול. די רעגירער, וועלכע פֿלעגען פֿריהער איבערלאָזען די ערציהונג פֿונ'ם פֿאָלק אויף די הענט פֿון די גלחים, ווייל זייער אונטעררייכט, וואָס איז געשטאנען צום דינסט פֿון דער מאַכט, איז פֿאר זיי דאַן נוצליך געווען, האָבען איצט, אין אַלע לענדער איבערגענומען אין זייערע אייגענע הענט די לייטונג פֿון דער שול־ארגאניזאציע.

די געפֿאהר פֿאר זיי איז באַשטאַנען דערין וואָס דער מענשליכער פֿארשטאַנד איז אויפֿגעבראַכט געוואָרען זעהענדיג פֿאר זיך די נייע לעבענס סצענע; די געפֿאהר איז באַשטאַנען דערין וואָס טיף אין די מענשליכע געוויסענס האט געשטיגען אַ ווילען זיך צו באַפֿרייען. עס וואָלט געווען אַ משוגעת צו קעמפֿען אַנטקעגען די קרעפֿטען וואָס האַלטען זיך אין ענטוויקלען; מען האָט געמוזט געבען זיי אַ ריכטונג, און דערצו האָבען זיי זיך גראדע ניט פֿארעקשנט אנצואווענדען די פֿארצייטיגע רעגירונגס מיטלען און האבען אָנגעווענדעט אַנדערע נייע וואָס זענען, ווי עס שיינט, ווירקזאַם.. זיי האָבען געגרינדעט שולען, האָבען געאַרבייט פֿאר דער פֿארשפרייטונג פֿון בילדונג מיט פֿולע הויפֿענס און, אויב אין אָנהויב זענען צווישען זיי געווען אַזעלכע וואס האָבען זיך געגענשטעלט אָט דעם דראנג, האָבען זיי באלד פֿארשטאַנען אַז עס איז גלייכער נאָכצוגעבען און אַז די בעסטע טאַקטיק איז צו פֿארזיכערען מיט נייע מיטלען די פֿארטיידיגונג פֿון זייערע אינטערעסען און פּרינציפּען. מען האט אלזא געקענט זעהן ווי עס ווערט געפֿיהרט אַ שרעקליכער קאמף פֿאר דער עראבערונג פֿון דער שול; אין אַלע לענדער ווערט נאָך אַלץ געפֿיהרט דער דאָזיגער קאַמף זעהר פֿאַרביטערט: דאָ טריאומפֿירט די בורזשואַזיע און די רעפּובליקאַנישע געזעלשאַפֿט, דאָרט זיעגט דער קלעריקאַליזם. אַלע פֿאַרטייען פֿאר־

שטעהען די וויכטיגקייט פון דעם צוועק און שטעלען זיך ניט אָפּ פאַר קיין אָפּפער אום צו פאַרזיכערען זיך דעם נצחון".

פערר האָט מיט אָט די ווערטער אויסגעדריקט דעם אמת.

קיינער פאַרטיידיגט שוין היינט ניט די קולטורלאָזיגקייט; יעדער איינער פאַדערט שוין היינט די אויסראָטונג פונ'ם אַנאַלפאַבעטיזם; אָבער וואָס יעדער באַזונדער האָט אין דער אמת'ן אין זינען דערביי, איז צו פאַרגרעסערען די צאָל פון זיינע אָנהענגער דערמיט וואָס ער וועט שטעלען דעם אונטעררייכט צום דינסט די דאָגמען פון זיין קרעדאָ. אויב אַ רעגירונג איז קאַטוילישׂ וויל זי קאַטוילישען אונטעררייכט, אויב זי איז רעפּובּליקאַניש וויל זי רעפּובּליקאַנישען, און דאָס זעלבּע טוט זי ווען זי איז סאָציאַליסטיש אָדער וואָס אַנדערש; עס גייט נאָר אין אריינצווינגען מיט געוואַלד זייערע דאָקטרינעס אויף אַלע קינדער פון דער נאַציאָן.

און ניט נאָר די רעגירונגען טוען דאָס; דאָס טוען אַלע די וואָס האָבּען זייערע אַן אינטערעס אין דער געשאַפענער לאַגע. דאָס טוען די פאַרשידענע קירכעס און די פאַרשידענע פאָליטישע פּאַרטייען וואָס לעבּען אינערהאַלב דעם שטאַאַט.

די שולע וואָלט באַדאַרפט זיין אַ באַנייענדע קראַפט און זיי נוצען די איום אַלע קאָנסערוואַטיווע ענערגיע.

קיינער קומט ניט העלפען דער שולע וואָס שטעלט זיך אַלס ציל אויסצובּילדען מענשען; אין געגענטייל שיצט יעדער איינער די שולען וואָס נעמען זיך אונטער אויסצובּילדען קאַטוילִיקען, פּאַטריאָטען, אָדער סאָציאַליסטען, יעדער לויט זיינע מיינונגען.

אין שפּאַניען מערקט מען נאָך ניט, אַזוי ווי אין פראַנקרייך, אין אַנדערע לענדער, די הערשאַפט פון דער רעגירונג איבּער דער שולע. ביי אונז אין לאַנד געפינט זיך נאָך די אָפיציעלע שולע אונטער דער אפּוטרופּסות פון דער קירכע. לויט'ן געזעץ איז נאָך פאַרבּאָטען יע־דער אונטעררייכט וואָס איז געגען דער דאָגמע, און דערפאַר זעהען מיר ווי עס מישען זיך אַריין איינ־יגע מאָל די בּישאָפס אין די אוני־ווערזיטעטען; דאַגעגען אָבער, זענען אויפ'ן פּריוואַטען געביט פאַראַן

אַ גרויסע צאָל סעקטאַרישע שולען פון דער אָדער יענער פּאָליטישער אָדער רעליגיעזער חברה. און אַזוי וועט דאָס געהן ווייטער אַזוי לאַנג ווי די בילדונג און די ערציהונג וועלען זיך ניט באַפרייען פון יעדער אַפּוטרופּסות.

## דריטער קאַפּיטעל

# וואָס איז אַזוינס די איצטיגע שולע

נאָכדעם באַהאַנדעלט פּעררער די פראַגע וואָס אַזוינס איז די איצטיגע שולע און ער שרייבט וועגען דעם אָט וואָס:

„די שולע בינדט די קינדער פיזיש, אינטעלעקטועל און מאָראַליש, כדי צו ווענדען די אַנטוויקלונג פון זייערע פעהיגקייטען אין דער ריכטונג וואָס מען וויל, און מען נעמט ביי זיי צו די באַריהרונג מיט דער נאַטור כדי צו קענעטען זיי לויט דעם אייגענעם שטייגער. ערציעהן הייסט איצט דאָס זעלבע ווי צוימען, איינאיבען, דרעסירען. כדי דורכצופיהרען אָט די ערציהונג האָט מען זיך אינספּירירט אין די דיסציפּלין און מאַכט־פּרינציפּען, מיט וועלכע עס האָבען זיך באַנוצט די געזעלשאַפט־אָרגאַניזאַטאָרס פון אַלע צייטען, און זיי האָבען געהאַט בלויז איין דייטליכען געדאַנק און איין ווילען, און נעמליך: די קינדער זאָלען זיך צוגעוועהנען צו פאָלגען, צו גלויבען און צו דענקען לויט די געזעלשאַפטליכע דאָגמען וואָס ריכטען אונז. דאָס איז קלאָר, די בילדונג קען ניט זיין מעהר ווי דאָס וואָס זי איז איצט. עס געהט ניט אין נאָכקומען די פרייע אַנטוויקלונג פונ'ם קינדס פעהיגקייטען, צו לאָזען איהם זוכען פריי די באַפרידיגונג פון זיינע פיזישע אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע באַדערפעניסען; עס געהט אין ארויפצווינגען אויף איהם פאַרטיגע געדאַנקען; צו פאַרבאָטען איהם אויף שטענדיג ער זאָל דענקען אַנדערש ווי דאָס איז נויטיג צוליב איינהיטען די אינסטיטוציעס פון דער היינטיגער געזעלשאַפט; צו מאַכען פון איהם, קורץ גערעדט, אַ מענשען, וואָס זאָל זיין פונקט צוגעפּאַסט צום געזעלשאַפטליכען מעכאַניזם. עס איז דערום קיין חידוש ניט

וואָס אַזאַ מין ערציהונג האָט קיין שום ווירקונג ניט אויף דער מענשליכער באַפרייאונג".

דאָס וואָס פֿערער זאָגט איז ווירקליך דער גרונד פֿון דער איצטיגער שולע, ווי דער גרונד פֿון דער שולע אין אַלע צייטען. איך ווידערהאָל דאָס נאָכאַמאָל: די שולע איז קיינמאָל ניט געווען קיין באַנייענדע, נאָר אַן אויפֿהאַלטענדע. אָט דער אמת איז אונבאַשטרייטבאַר וואָס אַנבאַלאַנגט דער עטיק, דאָס איז אָבער אויך געווען אמת ביז היינטיגען טאָג נאָך אין באַצוג צו דער ריינער וויסענשאַפֿט און איהר אנווענדונג. אַלע גרויסע פֿאַרקעמפֿער פֿון דעם מענשליכען פּראָגרעס, אַלע געניאַלע מענשען וועלכע האָבען געפּרואווט ברעכען די אַלע פֿורעמס פֿון דער וויסענשאַפֿט, האָבען געמוזט קעמפֿען פֿאַרצווייפֿעלט געגען דאָס וואָס מיר האָלטען געקענט אָנרופֿען זייערע צייט־שולען, וואָס זענען באַשטאַנען פֿון די געלעהרטען־ראַטען, אוניווערזיטעטען, א. א. וו.

עס איז ניטאָ קיין איין וויסענשאַפֿטליכע ערפֿינדונג וואָס זאָל ניט האָבען געבראַכט מיט זיך אָהן אַ שיעור ערגערנישען, אויב ניט דאָס לעבען געקאָסט דעם געלעהרטען וואָס האָט זי אויסגעפֿונען. אמת, אין אונזערע צייטען פּאַסירט שוין דאָס ניט: די געלעהרטע קענען שוין זאָגען (אַלץ) וואָס זיי ווילען, אויב זיי ווייסען נאָר ווי צו האַלטען זיך ביי די פֿאָרמען. די פֿאָרמען דאָס זענען די רעליגיעזע דאָגמען אויף וועלכע עס איז אויסגעקריצט דער „ריהר מיך ניט אָן". אָבער אין דער עטיש רעליגיעזער ספֿערע געניסט מען שוין ניט פֿון דער דאָזיגער פֿרייהייט; די געזעלשאַפֿטליכע מאָראַל און די רעליגיאָן האַלטען אייביג וואַך אין דער געזעלשאַפֿט און לעגען זיך אַרויף אויף די מחות פֿון די קינדער. און דאָס איז די גרויסע זינד וואָס קען באַגאַנגען ווערען געגען דער רעליגיאָן זעלבסט, ווי איך וועל דאָס באַלד באַווייזען. רעליגיאָן, אין תוך גענומען, איז דאָס זעלבע וואָס וויסענשאַפֿט: דאָס איז די דערקענטניש פֿונ'ם לעבען אין זיין אורשפּרונג, אין זיין וועזענסאַרט און אין זיין ענדציל.

אַזוי ווי די וויסענשאַפֿט האָט נאָך איהר לעצט וואָרט ניט גע־

זאָגט איבער דעם ענין, האָט זיך די אַנטפּלעקטע רעליגיאָן געפֿעדערט צו באַפֿרידיגען דעם מענשליכען נייגיער, און האָט ערקלערט די וועלט באַשאַפֿונג אַלס דעם אורשפּרונג (מקור) פֿונ׳ם לעבען, דעם דואַליסטישען ביאָלאָגישען באַגריף פֿון גוף און נשמה אַלס די אָרגאַנישע וועזענסאַרט (מהות) און דעם אייביגען שכר ועונש אַלס ענדציל (תּכלית).

פֿאַרשטענדליך אַז יעדע רעליגיע האָט ערקלערט אָט די פּונקטען אויף איהר אופֿן, און אַלע האָבען זיי צוגעגעבען דער האָזיגער ערקלערונג דעם כאַראַקטער פֿון געטליכער אַנטפּלעקונג. ביז דאַנען וואָלט דערין קיין שלעכטס ניט געווען צו זעהן, ווארום מען קען דאָך ניט פֿאַרווערען דער פֿאַנטאַזיע צו פֿאַרנעמען די ערטער וואָס די וויסנשאַפֿט האָט נאָך ניט באַהערשט. די צרה איז וואָס דער מיף דרינגט אַריין אין דער שולע; צום טאַדלען איז וואס די דאָגמען סטיליזירען זיך איין אין דעם קינדס מח, און מאַכען פֿאַר איהם אוממעגליך אויף אייביג זיך צו באַפֿרייען פֿון דעם טעות. דעם קינדס מח איז אַ ברעטעל פֿון ווייכען וואַקס אויף וועלכען עס בלייבט אויסגעקריצט אַליץ וואָס מען שרייבט דאָרט אָן. ווען דאָס וואַקס ווערט פֿאַרהאַרטעוועט מיט די יאָהרען, בלייבט סטערעאָטיפּירט דאָס וואָס מען האָט דאָרט אָנגעקריצט און דאַן איז זעהר שווער צו פֿאַרבייטען דעם טעות אויף דעם אמת. די רעליגיעזע פּרינציפּען וואָס ווערען אריינגעטריבט אינ׳ם קינד בלייבען אין זיין נשמה אייביג. דאָס ווייסען גאַנץ גוט די רעליגיעזע סעקטעס און צוליב דעם ווילען זיי פֿאַרכאַפּען צו זיך די שולע. וואָס איז דער סוף דערפֿון? עס ווערט פֿאַראייביגט דער טעות. ווען מען זאָל לאָזען דעם קינד די פֿרייהייט צו דענקען וואָס ער וויל, ווען מען זאָל איהם ניט איינקנעטען דעם מח מיט אַ פֿאָראורטייל, וואָלט ער אפֿשר, דורך דער לעבענסערפֿאַהרונג און דורך די קענטענישען וואָס ער באַקומט פֿונ׳ם שטודיום, געקענט זיין ווען עס איז אין דער לאַגע אַ רוק צו טון פֿאָרווערטס די מענשהייט אויף דעם וועג פֿון אנטדעקען דאָס לעבענס געהיימניש. דאָס קינד וואָלט געקומען צום יוגענד עלטער, ער וואָלט דערפֿיהלט אין זיך דעם נאַטירליכען דורשט צו וויסען,

ער וואָלט געפֿיהלט דעם וואונש צו דערוויסען זיך דאָס וואָס איז נאָך פֿאַרהוילען אין דער נאַטור, און אונטערן שוץ פֿון דער וויסנשאַפֿט וואָלט ער אפשר געקענט אנטפּלעקען פֿאַר אונז אַ נייע אָפּשאַצונג פֿון דער ווירקליכקייט וואָס איז נאָך ניט באַקאַנט געווען, וואָלט זיך איהם אפשר איינגעגעבען אויפֿצוהויבען אַ פאלד פֿון דעם געדיכטען שלייער וואָס פֿאַרשטעלט פֿאַר דעם מענשענס בליק די פֿאַרפֿיהרערישע געשטאַלט פֿון דער געטין מאַיאַ. נאָר אַז מען האַקט אויס ביי איהם אין מח די רעליגיעזע דאָגמען איז דאָס אונמעגליך. ווי קען ער פֿיהלען דעם דורשט צו וויסען אַז מען גיט איהם שוין אַלץ פֿאַרטיג ערקלערט מיט די מינדסטע איינצעלהייטען? וואָס אַזעלכעס פֿאַר איהם ניט באַוואוסטעס זאָל ער לערנען, ווען ער ווייסט אפילו וואָס פאַר אַ ליים יעהאָוואַ האָט גענוצט אויף צו באַשאַפֿען דעם מענשען? און דאס אַלץ, צוליב וואָס? כדי אין הונדערט אָדער טויזענד יאָהר אַרום זאָל קומען אַ צווייטע רעליגיעזע סעקטע און צושטערען אַלץ וואס די פֿריהערדיגע האט אויפֿגעבויט, כדי אַוועקצושטעלען נייע פּרינציפּען, אַרויסצולאָזען נייע דאָגמען, קורץ, ניט צו דערלאָזען אַז דער אמת זאָל ווען עס איז אַנטדעקט ווערען אויף דעם איינציגען וועג וואָס קען אונז צו איהם פֿיהרען: אויף דעם וועג פֿון דער וויסענשאַפֿט.

דערפֿאַר זאָג איך אַז איינפּלאַנצען רעליגיעזע דאָגמען אין די קינדערשע מחות, איז די שווערסטע זינד וואָס מען קען באַגעהן געגען דער רעליגיאָן זעלבסט; ניט געגען אַ באַשטימטער רעליגיע, נאָר געגען דעם עצם פֿון רעליגיאָן, און דאָס טוט מען אין די שולען. דערפֿאַר זאָגט פֿעררער אַז ערציהען, לויט דעם כאַראַקטער פֿון דער איצטיגער שולע, הייסט „אַרויפֿצווינגען אויפ'ן קינד פֿאַרטיגע געדאַנקען, און אויף אייביג ניט דערלאָזען איהם טראַכטען אַנדערש ווי דאָס איז נויטיג צוליב איינהיטען די אינסטיטוציעס פֿון דער הייניגער געזעלשאַפֿט; קורץ געדערט, מאַכען פֿון איהם אַ מענשען וואָס איז פּונקט צוגעפּאַסט צום געזעלשאַפֿטליכען מעכאַניזם."

# פערטער קאפיטעל

## דער ווערטה פון דער ערציהונג

### א) געמישטע שולע.

דער צענטער וואו פערררער אַנטוויקעלט זיינע פעדאַגאָגישע פרינ־ציפען איז די געמישטע שולע, סיי וואָס געהער זיך אָן די געשלעכ־טער ווי די געזעלשאַפטליכע קלאַסען. אין באַצוג צום ערשטען פונקט, שרייבט פערררער אין 1־טען און 2־טען נומער פון דעם „בּוּלעטין פון דער מאָדערנער שולע" (1־טע עפּאָכע, 30־טער אָקטובער 1901) אין אַן אַרטיקעל אונטערן טיטעל „די נויטווענדיגקייט פון געמישטען אונטעררירכט": „דער געמישטער אונטעררירכט דרינגט אַריין אין אַלע קולטור־פעלקער. אין פיל פון זיי שניידט מען שוין לאנג זיינע דערפרייהענדע רעזולטאַטען.

דער צוועק פון דעם דאָזיגען אונטעררירכט איז אַז די קינדער פון ביידע געשלעכטער זאָלען באַקומען אַן עהנליכע ערציהונג; זיי זאָלען אויף אַזאַ אופן אַנטוויקלען די אינטעליגענץ, לייטערן דאָס האַרץ און באַרהאַרטען זייערע ווילענס; אַז די ווייבליכע און מענליכע מענשהייט זאָלען זיך באַגרייפען, פון קינדווייז אָן, און די פרוי זאָל ווערען, ניט בלויז אין נאָמען, נאָר אין דער אמת'ן, דעם מאַנס לעבענס באַגלייטערין.

די מענשהייט וואָלט זיך פארבעסערט פיל שנעלער, זי וואָלט מיט אַ פעסטערן און מעהר אנהאַלטענדען טריט זיך באַוועגט אויף דעם שטייגענדען וועג צום פּראָגרעס און וואָלט באַרעטעבאַלט איהר וואוילשטאַנד, ווען זי גיט צו צום שטאַרקען שטויסענדען סענ־טימענט פון דער פרוי, די געדאַנקען וואָס די וויסענשאַפט עראָפּערט. ווען עס וועט צו שטאַנד קומען די הייראַט פון די אידעען מיט דעם ליידענשאַפטליכען און האַסטיגען האַרצען אין דער פּסיכע פון

דער פרוי, וועט דאַן ווערן אַ באַשיינפערליכער פאקט ביי די ציווי־ליזירטע פעלקער דער גייסטיגער מאַטריאַרכאַט.״

וואס אנבאַלאַנגט דער צווייטער פראַגע, זאָגט פערדער אינ׳ם אַרטיקעל „צוזאמענערציהונג פון די געזעלשאַפטליכע קלאַסען״: „דאס זעלבע וואס איך דענק וועגען דער געמיינזאַמער ערציהונג פון ביידע געשלעכטער, דענק איך אויך וועגען די פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע קלאַסען. איך וואלט געקענט גרינדען אַן אומזיסטע שולע; נאר אַ שולע פאר אָרימע קינדער וואלט ניט געקענט זיין קיין ראַציאָנאַלע שולע, ווארום אויב מען וועט זיי ניט לערנען קיין גלייכגילטיגקייט און אונטערטעניגקייט ווי אין די אלטע שולען, וואלט מען זיי דארט גע־צוואונגענערווייזע געניינט צו רעבעלירונג, און עס וואלטען ביי זיי פון זיך אַרויסגעקומען געפיהלען פון האַס. ווארום די דילעמע איז אַ גאַנץ אָפענע; קיין מיטעלוועג אין אן אייסשליסליכער שולע פאר דעם אַרבייטער קלאס איז נישטא: אדער געהאָרכזאַמקייט צו דעם סיסטע־מאַטישען ליגען און צו דער אונוויסענהייט וואס ווערט אויפגעהאל־טען פון דעם פאלשען אונטעריכט, אדער האַס צו די וואָס אונטער־יאָכען און עקספּלואַטירען זיי. די אונטערדריקטע, די באַרויבטע, די עקספּלואַטירטע מוזען זיין רעוואָלוציאָנער, ווייל זיי מוזען קעמפען פאר זייערע רעכטען ביז זיי וועלען באַקומען דעם פולשטענדיגען און פאָלקאָמענעם אנטייל אין דער אַלוועלטליכער ירושה. די מ אָ ד ע ר נ ע ש ו ל ע, אבער, ווירקט אויף די קינדער, וועלכע זי גרייט צו, דורך ערציהונג און בילדונג, צו ווערען מענשען, און גיט זיי ניט קיין פאַרבאַדינג פון ליבע אָדער האַס, געהאָרכזאמקייט אָדער אונגעהאָרכ־זאמקייט, וואס דאס זענען שוין די אייגענשאַפטליכע פליכטען און געפיהלען פון די דערוואַקסענע; אין אַנדערע ווערטער, זי וויל ניט רייסען די פרוכט איידער זי האט זיי ארויסגעבראַכט דורך דער באַאַרבייטונג און וויל אויך ניט אַרויסהייבען אינ׳ם שילער אַ פאַר־אַנטוואָרטליכקייט דאַן ווען זי האָט נאָך זיין געוויסען ניט באַזאָרגט מיט די באַדינגונגען וואס דאַרפען בילדען מיט זיך איהר פונדאַמענט. זאלען די קינדער זיך אויסלערנען זיין מענשען, און אז זיי וועלען

דאס ווערען זאלען זיי זיך אין א מולדיגער שעה ערקלערן אלס רע-וואלוציאָנערען."

און אין באצוג צו די רייכע קינדער, זאגט פעררער:

„א שולע פאר רייכע קינדער איז ניט שווער צו דערוויזען אז צוליב איהר אויסשליסליכקייט איז זי ניט ראציאָנאל. שוין דער פאקט אליין וואלט איהר געהייסען לערנען די אויפהאלטונג פון דער פרי-ווילעגיע און דאס אויסנוצען פון איהרע געלעגענהייטען. דאס צו-זאמענערציהען פון ארימע און רייכע, וואס שטעלט אין באריהרונג דיביידע אין דער אומשולדיגער קינדערשער גלייכהייט, דורך דער סיסטעמאטישער גלייכהייט פון דער ראציאָנאלער שולע, אט דאס איז די גוטע, די נויטיגע און איפריסטענדע שולע."

דערפאר האָט פעררער פראקטיש איינגעשטעלט די פארשידענ-ארטיגקייט פון דעם שכר למוד, פון אומזיסט ביז דער העכסטער מדרגה, לויט דעם שטאנד פון יעדען קינד, כדי אלע זאלען האבען א פלאץ אין זיין אונטערריכטס צענטר.

ב) אונטערריכטס כאראקטער.

אינ'ם זעלבען „ביולעטין" וואס איז אזוי פיעל מאל ציטירט גע-וואָרען, באצייכענט פעררער דעם כאראקטער וואָס דער אונטערריכט דארף טראָגען. ער דארף באגריפען ווערען אבסאלוט פריי פון עפי-טעטען און באצייכנונגען, באפרייט פון יעדער אפוטרופסות, געשאפען ניט צו דינען צו קיינע אינטערעסען, נאר כדי אלע זאלען איהם דינען.

פאר פעררער'ן איז דער אונטערריכט בלויז איינער: דער נא-טירליכער. זיינע געדאנקען איבער אָט דעם פונקט ערקלערט ער גאנץ דייטליך אינ'ם ארטיקעל „דער וועלטליכער אונטערריכט" וואס זיינע הויפט שטעלען ווילען מיר דאָ איבערגעבען.

„דער באגריף „אונטערריכט" וואלט ניט באדארפט קומען מיט קיין באצייכנונגס וואָרט; ער אליין באצייכענט בלויז די נויטווענדיג-קייט און די פליכט וואָס עס פיהלט דער דור וואס לעבט אין דעם

פילען באַזייך פון זיינע פעהיגקייטען צוצוגרייטען דעם נייעם דור און איבערצוגעבען איהם די ירושה פון דעם מענשליכען וויסען.

דאס אייגענטליך, וואס דאס איז פולקאָם ראַציאָנאַל, וועט ברייט פראקטיצירט ווערען אין די קומענדע דורות, וועלכע וועלען געניסען פון דעם גליק צו האבען אראָפגעוואָרפען פון זיך די איבערגלויבענס און די פריווילעגיעס.

אַזוי ווי מיר געפינען זיך נאָך אויפ'ן וועג צו דעם אידעאַל, שטעהען מיר פנים אל פנים מיט דעם רעליגיעזען און מיט דעם פאָליטישען אונטעררייכט און אַנטקעגען זיי מוז מען אַקעגענשטעלען דעם ראַציאָנאַלען און וויסענשאַפטליכען אונטעררייכט.

אַלס טיפ פון רעליגיעזען אונטעררייכט איז פאַראַן דער וואָס ווערט געגעבען אין די קלויסטער קאנגרעגאציעס פון אַלע לענדער, און באַשטעהט פון געבען וואָס ווייניגער נוצליכע קענטנישען און וואס מעהר קריסטליכע לעהרע און הייליגע געשיכטע.

אַלס פאָליטישער אונטעררייכט איז פאַראַן דער וואס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אין פראנקרייך נאָכ'ן פאַלען פון דער אימפעריע, וואס האָט געהאַט דעם ציל צו ריהמען דעם פאַטריאָטיזם און אַרויסצושטעלען די איצטיגע פאלקס פאַרוואַלטונג אַלס אינסטרומענט פון גוטער רעגירונג.

מיט דער באַצייכנונג „פרייער” אָדער „וועלטליכער” אונטעררייכט ווערט שוין צופיעל און צו ליידענשאַפטליך מיסברויכט: אַזוי רופען אַן די רעליגיעזע „פרייע שולען” יענע וואס זיי קענען גרינדען פונקט צו להכעיס דער אמת פרייער טענדענץ פון דעם מאָדערנעם אונטעררייכט. אויף דעם זעלבען שטייגער רופט מען אָן „וועלטליכע שולען” אַזעלכע וואס זענען בלויז פאָליטישע, אָדער אין עצם פאַטריאָטישע און אַנטיהומאַניטערע.

דער ראַציאָנאַלער אונטעררייכט דערהויבט זיך גאַנץ ווירדיג איבער אט די קליינליכע צילען.

ערשטענס טאָר ער ניט זיין עהנליך צום רעליגיעזען אונטעררייכט, דערפאַר וואָס די וויסענשאַפט האָט באַוויזען אַז די וועלט-

באַשאַפונג איז אַ לעגענדע און אַז די געטער זענען מיפען, און עס הייסט דעריבער מיסברויכען מיט דעם אונוויסען פון די עלטערן און מיט דער גלייביגקייט פון די קינדער ווען מען זעצט פאָר אין זיי דעם גלויבען אין אן איבערנאַטירליכען וועזען, דעם באַשאַפער פון דער וועלט, צו וועלכען מען קען קומען מיט בקשות און מיט תפלות און באַקומען פון איהם פאַרשידענע טובות.

די איינגאַבע פונ'ם אונטערריכט באַשטעהט צו דערווייזען די קינדער, מיט דער הילף פון אַ ריין וויסענשאַפטליכען מעטאָד, אַז וואס מעהר עס וועלען באַקאַנט ווערען די פראָדוקטען פון דער נאַטור, זייערע אייגענשאַפטען און דער אופן ווי זיי צו באַנוצען, אַלץ מעהר שפייז וועט זיין, אַלץ מעהר אינדוסטריעלע, וויסענשאַפטליכע און אַרטיסטישע מאַטעריאַלען, וואס וועלען זיין נוצליך, לוינענד און ניטוועגדיג פאַר'ן לעבען, און עס וועלען פון אונזערע שולען אַרויסקומען זעהר לייכט און אין אַלץ אַ גרעסערער צאַל מענער און פרויען וואָס זאלען גרייט זיין צו קולטיווירען די אַלע געביטען פון וויסען און טעטיגקייט, געפיהרט פונ'ם שכל און באַאיינפלוסט פון דער וויסענשאַפט און פון דער קונסט, וואס וועלען באַשענען דאס לעבען און באַרעכטיגען די עקזיסטענץ פון דער מענשליכער געזעלשאַפט.

לאָמיר, אַלזאָ, ניט פאַרלירען די צייט בעטענדיג ביי אַ פאַנטאַסטישען גאט דאָס וואָס מיר קענען באַקומען בלויז דורך מענשליכער אַרבייט.

אונזער אונטערריכט דאַרף אויך ניט עהנליך זיין צום פאָליטישען, ווארום מיר ווילען אויסבילדען מענשען וואָס זאלען זיין אינ'ם פולקאָמען באַזיץ פון אַלע זייערע רעכטען און ניט אַזעלכע וואָס זאָלען זיין אונטערוואַרפען צו אנדערע. פונקט ווי די רעליגיעס, וועלכע האָבען מיט זייער גלויבען און ריהמען אַ געטליכע מאַכט, באַשאַפען אויף דער ערד אַ פאזיטיווע מיסברויכענדיגע מאַכט און האָבען פאַרשווערט די מענשליכע באַפרייאונג, אַזוי האָבען אויך די פאָליטישע סיסטעמען זי פאַרהאַלטען צוגעוועהנענדיג די מענשען צו ערוואַרטען זי פון פרעמדע ווילענס, פון קרעפטען וואָס קומען פון די

כלומרשט העבערע מאטיוועז פון די וואס האלטען, אויס טראדיציע אדער אויס פראפעסיע, די ראל פון רעגירער.

צו דערוויינען די קינדער אז אזוי לאנג ווי איין מענש וועט זיין אפהענגיג פונ'ם צווייטען מענ'שען וועלען באגאנגען ווערען אומגע־רעכטיגקייטען און עס וועט זיין טיראניי און שקלאפעריי, אויסצופאר־שען די אורזאכען וואס האלטען אויף די אומוויסענהייט פונ'ם פאלק, צו וויסען דעם אורשפרונג פון אלע רוטינערע פיהרונגען וואס האלטען ביים לעבען דעם איצטיגען אימסאלידארישען רעזשים, צו וועקען דעם געדאנק פון די קינדער אויף אלץ וואס דאס אויג זעהט, אט דאס דארף זיין דאס פראגראם פון די ראציאנאליסטישע שולען.

לאמיר, אלזא, ניט פארלירען די צייט בעטענדיג אנדערע דאס וואס באלאנגט צו אונז און דאס וואס מיר אליין קענען באקומען.

עס האנדעלט זיך, קורץ געזאגט, אריינצוגעבען אין די קינ־דערישע מחות דעם געדאנק אז ווען זיי וועלען גרויס ווערען וועלען זיי האבען אזוי פיעל מעהר וואוילזיין אינ'ם געזעלשאפטליכען לעבען וואס מעהר זיי וועלען זיך בילדען, וואס מעהר קרעפטען זיי אליין וועלען אנווענדען אויף צו שאפען זיך דאס: און אז דעסטא נעהענ־טער וועט זיין דער טאג פון דעם אלמענשליכען גליק, וואס שנעלער זיי וועלען אראפווארפען פון זיך אלע רעליגיעזע און עהנליכע אבער־גלויבענס וואס זענען ביז איצט געווען די אורזאך פון אונזער מא־ראלישער און מאטעריעלער ארימקייט."

## G ראציאנאליסטישער אונטערריכט.

דעם זין וואס מען דארף פארשטעהן אין דער פראזע „ראציא־נאליסטישער אונטעררכט" ערקלערט פעררער אינ'ם פראגראם וואס איז געדרוקט אינ'ם זעלבען ערשטען נומער פונ'ם ציטירטען „בולעטין".

די פונדאמענטאלסטע באגריפען וואס ווערען דארט ארויסגעזאגט זענען:

„די וויסענשאפט איז שוין ניט מעהר דאס אייגענטום פון א קליין הייפעל פריווילעגירטע; אומעטום טרייבט זי פארנאנדער די טראדיצי־

אָנעלע טעותים און מאַכט פעהיג די מענשען אַליין צו שאַפען זיך
אַ ווירקליכען באַגריף איבער די זאַכען און איבער די געזעצען וואָס
רעגירען מיט זיי, און ביי היינטיגער צייט, קאָנסטיטואירט זי זיך אַלס
די איינציגע לייטענדע קראַפט פונ׳ם מענשענס לעבען, און זוכט איינ-
צי-ווייקען איהם אין איין אַלוועלטליכען, הומאַנעם געפיהל.
די *מאָדערנע שולע* האָט זיך געגרינדעט מיט דעם ציל
מיטצוהעלפען, גלייך און אָהן שום הנחות צו די טראַדיציאָנעלע
אופנים, דעם אונטערריכט וואָס איז באַזירט אויף די נאַטור וויסענ-
שאַפטען. געהענדיג מיט דעם וועג זענען מיר זיכער אַז די מחות פון
אונזערע ערצויגענע, ווען זיי וועלען זיך באַפרייען פון דער ראַציאָנאַלער
אַפּאָטראָפּסות פון אונזער צענטר, וועלען בלייבען אויף אייביג די
טויט שונאים פון די פאַראורטיילען; דאָס וועלען זיין מחות פון
זעלבסטשטענדיגען ווערטה, וואָס וועלען פעהיג זיין צו שאַפען זיך
איבערגעדענקטע, אייגענטימליכע און אייגענע איבערצייגונגען וועגען
אַלץ וואָס קען זיין אַן אָביעקט פון דענקען.
„די ערציהונג וואָס איז באַזירט אויף די נאַטור וויסענשאַפטען
אַטראָפירט ניט די אידעאַליטעט. די וויסענשאַפט טוט נאר אויף דאָס
וואָס זי לייטערט איהר פונקציע און גיט איהר צו דעם זין פון ווירק-
ליכקייט. די קרייז פון מענשענס מח-ענערגיע איז אַרויסצובריינגען
דעם אידעאַל מיט דער קונסט און מיט דער פילאָזאָפיע, מיט די
צוויי *פאַראייַנבאַרע* גענעראַציעס. כדי אָבער דער אידעאַל זאָל
ניט דעגענערירט ווערען צו אַ פאַבעל אָדער צו לופטיגע חלומות,
און כדי דאָס פאַראייַנבאַרע זאָל ניט זיין אַ געביידע געבויט אויף
זאמד, מוז יעדע באַדערפעניש האָבען אַלס איהר זיכערע, אונערשי-
טערבאַרע באַזיס, די עקזאַקטע און פאָזיטיווע קענטענישען פון די
נאַטור וויסענשאַפטען.
אַחוץ דעם, ווערט ביי אַ דיסציפּלינירטען מענשען ניט ערצויגען
זיין מח, אויסמיידענדיג דאָס האַרץ און דעם ווילען. מיר מוזען זיך
אָוועקשטעלען אַלס טערמין פון אונזער פעדאַגאָגישער מיסיע, אַז
עס גיבט ניט ביי איין איינציגען מענשען קיין צווייענדיגע פערזענ-

ליכקייט: איינע וואס זעהט דאס אמת'ע און דאס גוטע און נעמט דאָס אָן, און אַ צווייטע וואָס יאָגט זיך נאָך שלעכטס און אימפּאנירט דאָס. און אַז מיר האָבּען שוין אַלס וועגווייזער די נאַטור וויסענשאַפטען, וועלען מיר שוין זעהן אַז ער זאָל די מח אַרבּייט וואָס די וויסענשאפט וועט בּיי איהם ארויסרופען, פארוואנדלען אין געפיהלס־זאַפט און זאָל זי ליעבּ האָבּען מיט אַלע זיינע קרעפטען. ווארום דער געפיהל, ווען ער איז שטאַרק, דרינגט ער אַריין און צעגיסט זיך אין די טיפסטע צעלען פונ'ם מענשענס ארגאניזם, שניצענדיג און פארבּענדיג דעם כאַראַקטער פון דער פּערזענליכקייט. און אַזוי ווי דעם מענשענס אויפפיהרונג מוז זיך דרעהן אינ'ם קרייז פון זיין כאַראַקטער, מוז דערפון פאָלגען אַז ווען דער יונגער מענש וואָס איז אויף אזא אופן ערצויגען געוואָרען וועט זיך אָנהויבּען פיהרען לויט זיין אייגענעם פארשטאַנד, וועט ער פארוואַנדלען די וויסענשאפט, דורך די רעהרען פון זיין סענטימענט, אלס איינציגע און וואוילטועענדע לעהרערין פון זיין לעבּען".

ד) וועגען דעם ווילען פונ'ם קינד.

אין איצט וועלען מיר דורכקוקען דעם אייגענטליכען תוך פון פּעררער'ס קרעדא; מיר וועלען איבּערשרייבּען די טעקסטועלע ווערטער מיט וועלכע ער ערקלערט דאָס וואָס שטעלט מיט זיך פאר, לויט זיין מיינונג, דעם ווערטה פון דער ערציהונג, אין דעם שוין ציטירטען ווערק „די בּאַנייאונג פון דער שולע". דאָס איז דער מאָמענט ווען פּעררער דריקט אויס אמקלארסטען זיין פּעדאַגאָגישען קריטעריום. ער איז קורץ, דייטליך און קאַטעגאריש, און אין געוויסע ערטער געלונגט איהם צו דערגרייכען די העכסטע איינפאכקייט פון די בּאַגריפען וואָס מוזען ווערען אונשטערבּליך. אָט וואָס ער זאָגט:

„איך וויל אפּשטעלען די אויפמערקזאמקייט פון די וואס לייענען מיך אויף דעם געדאַנק: דער גאַנצער ווערטה פון דער ערציהונג ווערט ענטהאַלטען אינ'ם שוינען דעם פיזישען, אינטעלעקטועלען און מאָראַלישען ווילען פונ'ם קינד. קיין ערציהונג איז ניט די אמת'ע

אַחוץ דער וואס איז אויסגעטון פון יעדען דאָגמאַטיזם, וואס לאזט איבער פאר דעם קינד אַליין צו לייטען זיין אנשטרענגונג, און נעמט אויף זיך בלויז נאָכצוקומען איהם אין זיינע אויסערונגען. דער פאַלשער ערציהער אימפאנירט, צווינגט, פארגוואלדיגט שטענדיג; דער אמת'ר ערציהער איז דער וואָס ווייסט ווי צו פארטיידיגען דאָס קינד געגען זיינע, דעם לעהרערס, געדאַנקען און ווילענס, און אַפעלירט צו די ענערגיען פונ'ם קינד זעלבסט.

אינזער אידעאַל איז דער אידעאַל פון דער וויסענשאפט, און צו איהם ווענדען מיר זיך נאָך דער מאכט צו מעגען ערציהען דאָס קינד באַגינסטיגענד זיין אנטוויקקלונג דורך דעם וואָס מיר באַפרידיגען אַלע זיינע באַדערפעֿנישען אויף וויפיעל זיי באַווייזען זיך און צעוואַקסען זיך.

מיר זענען איבערצייגט אַז די צוקונפטיגע ערציהונג וועט זיין אַן אַבסאָלוט פרייוויליגע; געווים, מיר קענען זי דערווייל ניט איינפיהרען אין לעבען, נאָר די אַנטוויקלונג פון די מעטאָדען אינ'ם זין פון אַ ברייטערען פארשטעהן פון די לעבענס ערשיינונגען, און דער פאַקט וואָס יעדע פארפאלקאמונג מיינט די אָפשאַפונג פון אַ צוואַנג, באַווייזט אונז אַז מיר זענען אויף דעם ריכטיגען פלאַץ ווען מיר ערוואַרטען פון דער וויסענשאַפט די באַפרייאונג פון דעם קינד.

מיר האָבען קיין מורא ניט צו זאָגען דאָס: מיר ווילען אַזעלכע מענשען וואָס זאָלען פעהיג זיין צו אַנטוויקלען זיך אונאויפהערליך; וואָס זאָלען פעהיג זיין צו צעשטערען, צו באַנייען נאָכאַנאַנד די מיטלען און באַנייען זיך אַליין; מענשען וואָס זייער אינטעלעקטועלע אונאפהענגיגקייט זאָל זיין די אַלערהעכסטע קראַפט, זיי זאָלען זיך פאר קיין פאל קיינעם ניט אונטערוואַרפען; וואָס זאָלען זיין גרייט שטענדיג אויפצונעמען דאָס בעסטע, וואָס זאָלען זיין ענטוזיאַסטען פאר דעם זיג פון די נייע אידעען און זאָלען שטרעבען צו לעבען פילפאַכע לעבענס אין איין און איינציגען לעבען".

אָט דאָס זאָגט פערער און דאָס איז, לויט מיין באַגריף, דער אידעאַל פון דער פעדאַגאָגיק. אַזוי אַרום ווען מיר האָבען מענשען

וואָס זאָלען פעהיג זיין צו פארשטעהן דאָס לעבען און געניסען פון איהם מיט זייער העכסטער קראַפט. אָבער, ווי קענען מיר דורכפיהרען אין דער פראַקטיק אָט די פעדאַגאָגיק? די הויפט אידעע איז דאָ גאַנץ קלאָר אויסגעשפּראָכען, אָבער אין אַ צו אַבסטראַקטען אופן; מען מוז צוקומען נעהענטער צו דער ווירקליכקייט, אנאליזירען די מעגליכקייט ווי צו שוינען יעדע איינע פון דעם קינדס ווילענס, דעם פיזישען, אינטעלעקטועלען און מאָראַלישען, און שטודירען די מיטלען ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכען. קורץ גערעדט: מען מוז זיך אַראָפּלאָזען צו די דעטאַלען כדי צו זעהן אויב עס איז מעגליך ארויפצוברייננגען אויף דעם פעלד פון אַקציאָן די דאָזיגע דערהויבענע איניציאַטיווע. און דאָס וועל איך איצט טון.

ה) פיזישער ווילען.

אונטער פיזישען ווילען דאַרפען מיר פאַרשטעהן דעם ביאלאגישען זין פון דער אַקציאָן פון אַן ארגאניזם, דאס הייסט, די נאַטירליכע נייגונג פון אַ לעבעדיג וועזען צו מאַכען אַ באַשטימטע פארעם פון באַוועגונג. איך וועל דאָס ערקלערן. פאַראַן ארגאניזמען וואָס האָבען אַ נייגונג צו אַקטואירען אינ'ם זינען פון קראַפט, אַנדערע—אינ'ם זינען פון פלינקייט; איינע פיהלען די מאָס, דעם ריטם און דעם קלאַנג, אַנדערע—דעם אימפעט, די אונאָרדנונג, דאָס אונבאַטראַכטע; אייניגע נייגען זיך צו פאסיוויטעט, אַנדערע—צו שטענדיגער אַרבייט. דאָס שוינען דעם אָרגאַנישען ווילען פון יעדען איינעם, באַשטעהט, אַלזא, דערין וואָס מען דאַרף ניט ערציהען פיזיש אַלע מיט דעם זעלבען קריטעריום, נאר צופאַסען זיך צו דער אינדיווידועלער נייגונג וואָס זיי ווייזען אַרויס.

דער אידעאַל פונ'ם פיזיקער-פעדאגאג דאַרף ניט זיין אויסצובילדען פינקטליך גלייכע מענשען, נאר פונקט פאַרקעהרט. דאָס לעבען איז ניט די איינפאָרמיגקייט, נאר די פאַרשידענקייט. דאס לעבען איז אַ פאַרבען לייטער פון אונענדליכע שאַטירונגען; יעדער מענש איז אַ שאַטירונג אין דאָס קענטעניש פונ'ם פעדאגאג דאַרף

זיין אַרויסצוברייגנען דעם גלאַנץ פון דער שאַטירונג מיט דער שטאַרקסטער פּערזאָנאַליטעט.

עס שיינט אַז די דאָזיגע אידעען זענען געגען דער אינטעגראַלער פּיזישער ערציהונג, עס איז אָבער ניט אַזוי. מען מוז ערציהען אינטעגראַל (אין דער גאַנצער מאָס) אַלע פּיזישע ערשיינונגען פון'ם אָרגאַניזם, נאר באַזונדערס אַכטונג געבען אויף די וואָס ווייזען זיך אַרויס אין אַ גרעסערער מאָס ספּאָנטאַן; אָט דאָס איז דער ווילען וואָס מוז געשוינט ווערען, רעספּעקטירט ווערען.

אַז מען פאָלגט ניט די דאָזיגע פּרינציפּען קען פאַרקריפּעלט ווערען און פאַרלוירען גענהן דער זין פון אַ לעבען. אַ קינד, למשל, וואָס איז גענייגט צו אונטעטיגקייט, צו וואָס זאָל מען איהם מאַטערן מיט האַסטיגע איבונגען? ווער ווייסט, אפשר וועט ער גאָר מיט דער צייט זיין אַ טיף דענקענדער גייסט, און דערפאַר האָט ער אַזאַ פּיזישען ווילען? מיר דאַרפען ניט אין דעם פאַל באַגינסטיגען די פּילענצעריי, נאר לאָמיר אויך ניט נעהמען אויף זיך דאָס וואָס איז אונמעגליך. לאָמיר שוינען דעם פּיזישען ווילען און אנבאָטען איהם מעסיגע איבונגען וואָס זאָלען ערלויבען פּאַראַלעל מיט זיי אַ גייסטיגע איבונג.

מעגליך אַז אין איניגע פאַלען זאָל דער פּיזישער ווילען פון'ם קינד איהם נייגען אין אַ שעדליכער ריכטונג. אין דעם פאַל מוז מען אַרויספיהרען, אויסגלייכען, איינמעסיגען, אבער ניט האַסטיג שניידען.

די מענשליכע נאַטור איז פון זיך גענייגט צו עקסצעסען, איבערהויפּט אין די ערשטע ביאָלאָגישע עטאַפּען, געוויס אַ דאַנק דער אינטענסיוויטעט פון'ם לעבען וואָס זי געניסט; דאַן איז עס די צייט ווען עס מוז אונטערקומען די מעסיגסטע פּעדאַגאָגישע מאַכט, אָבער ניט אומברייגענדע. אָפטמאָל איז עס די תאוה וואָס ערשיינט פריהצייטיג ביים קינד. וואס זאלען מיר דעמאלט טון? פאַרניכטען זיי? אויב מיר וועלען דאָס פּרואווען טון, וועלען מיר בלויז אויסבילדען אַ היפּאָקריט. מיר מוזען לערנען דעם קינד ניט צו זאָגען קיין ליגען, ניט צו פאַרדעקען קיין זאַך. אַלס ערציהער, איז אונזער פליכט צו

טראַנספאָרמירען, אומפייטען די דאָזיגע נייגונג אויף אַ צווייטער, אַן עהנליכער וואָס איז ניט שעדליך; למשל, די שטאַרקע ליבע צו בלומען, דער קולט צו פּרעכטיגע רייכע פאָרמען. ווער ווייס אויב דאס קינד איז ניט אַ קינסטיגער גרויסער אַרטישער פּאָעט, און מיר וועלען איהם אפּרויבען זיינע אייגענשאַפטען און פּאַרוואַנדלען אין אַ ניט אויסבריכטיגען?

אין דער לעבענס ווירקליכקייט קען מען קיין זאַך ניט אַוועקנעהמען אויב מען פאַרבייט דאס ניט פריהער מיט עפּעס אַנדערש, מען מוז זיך צופּאַסען צו דאָס וואָס עקזיסטירט פון זיך און ריכטען דאס מיט אויפמערקזאמקייט.

ג) אינטעלעקטועלער ווילען.

אינטעלעקטועלער ווילען הייסט די נייגונג פון אַ מענשליך וועזען צו אַ באַשטימטען געביט פון שטודיום. רעספּעקטירען אָט די ווילענס פאָרמע הייסט פשוט ניט פאַרגוואַלטיגען זי, נאר באַגינסטיגען; ניט צווינגען דעם וואָס איז געבוירען געוואָרען צו זיי אַ מעדיקער ער זאל ווערען אַן אַדוואָקאַט; ניט וועלען מאַכען פאר אַ שריפטשטעלער דעם וואָס האט ניט ליב קיין ביכער. דאָס שיינט צו זיין אַ גאַנץ איינפאַכע זאַך און, דאך איז אין דער פּראַקטיק כמעט אוממעגליך צו פּועל'ן דאָס, אַ דאַנק דער מח־בלינדקייט אין וועלכער עס לעבט די געזעלשאַפט. די גרעסטע טייל קינדער ווערען געבוירען מיט אַ פּאַרטיגען באַרוף וואס די עלטערן צווינגען ארויף אויף זיי; זיי קומען אויף דער וועלט באַשטימט צו זיין דאס אָדער יעניץ, ניט נעהמענדיג אבסאלוט אין אַכט זייערע פעהיגקייטען; דעריבער זעהט מען אַזוי פיעל אומגליקליכע וואָס געהען אין לעבען פון איין דורכפאַל צום צווייטען.

די ערפאַהרונג באַווייזט אונז יעדען טאָג די שווערע פאָלגען וואס קומען פון אָט דעם געוויסענלאָזען און טיראַנישען טאַט פון די עלטערן, דאָס ווערט אָבער קיינמאָל ניט פאַררי׳כט.

די פּראַקטיק זאָגט אונז אויך אַז עס איז אומזיסט יעדע באַמיהונג צו פאַרקרימען דעם אינטעלעקטועלען ווילען פון אַ מענשען;

פריהער צו שפּעטער וועט ער אַרויף אויף זיין וועג.

די זאַך איז אָבער וואָס די וואָס ווערען אַראָפּגעפיהרט פון זייער נאַטירליכען וועג צוליב דער שולד פון די עלטערן אָדער פון אַנדערע אורזאַכען, האָבען פאַרלוירען אַ טייערע צייט, און ווען זיי טרעפען שוין אן זייער אמת'ן וועג, האבען זיי שוין ניט די פעהיגקייטען צו זיגען.

מען מוז שוינען דעם אינטעלעקטועלען ווילען פון די קינדער, כאטשע מען מוז דערביי שטענדיג אין זינען האבען די אינטעגראלע ערציהונג פון זייערע פסיכישע פעהיגקייטען. איך חזר דאָ איבער דאס וואָס איך האָב געזאָגט ריידענדיג איבער דער פיזישער ערציהונג: מען דאַרף זיך ניט פאַרנעהמען די איינפארמיגקייט, נאר די פארשידענארטיגקייט אין אַ העכערער איינהייט. ערציהען אַלע אויסערונגען פונ'ם מח, באַגינסטיגען זיי אַלע, נאר שטענדיג אַרויסהויבען יענע אויסערונג וואס איז דעם קינד ליבערשט, און די דאַרף ערצויגען ווערען ספּעציעל. צוליב דעם מוז מען וואַכען איבער זיינע מח-נויגונגען פון זיינע ערשטע יאהרען אָן.

די געזעלשאַפט איז פול מיט אונגוצליכע מענשען; ווען אבער מען זאל געווען רעספּעקטירען דעם אינטעלעקטועלען ווילען פון די קינדער וואָלט דאָס ניט געווען פּאַסירט: יעדער וואָלט זיך פאַרנומען זיין פּאָסטען אין דער געזעלשאַפטליכער מאַשין. עס איז נישטא אַ מענש וואָס זאל צו גארניט טויגען, אַלע טויגען מיר צו עפּעס; די מעשה איז אָבער וואָס גאנץ אָפט שטעלט מען אונז אַוועק ניט אויף דעם אָרט וואָס געהער צו אונז און דאַן פאַלען מיר הורך. איינער פון די הויפּט צילען פון די אנפאַנגס לעהרער וואָלט באַדאַרפט זיין אויסצוגעפינען די פעהיגקייטען פון די קינדער און דאָס מעלדען די עלטערן. זיי וואלטען באַדאַרפט טון לויט דעם ווי די וויסענשאפט וויזט אָן.

ז) מאָראַלישער ווילען.

דאָס איז דער שווערסטער פונקט. איז עס מעגליך צו שוינען דעם מאראלישען ווילען פונ'ם קינד? עס זענען פאַראַן קינדער וואָס

זענען פון געבורט גוטהאַרציגע; עס איז אָבער ניט קיין זעלטענהייט צו באַמערקען ביי זיי דאָס וואָס מיר רופען שלעכטע אינסטינקטען.

איינגע זענען געשטימט צו צעשטערונג און האָבען גרויס פאַר־גניגען פון פייניגען חיות און שעדיגען פלאַנצען. אויב מיר זאָלען זיך ניט אַריינמישען ענערגיש איך צו מאָדיפיצירען זייער מאָראַ־לישע עמפינדונג, וואס פאַר אַ דור מענשען וואלטען מיר אויסגע־בילדעט? אבער, אויך אין דעם פאַל, דענק איך, מוז מען אָננעהמען די זעלבע טעאָריע, און איך שטייך מיך אָט אויף וואס: אין נאמען פון וועלכען עטישען פרינציפ זאלען מיר ניט דערלאָזען אנטוויקלען זיך די מאָראַלישע עמפינדונג וואס דרינגט אַרויס נאַטירליך פונ'ם קינד? אין נאמען פון דער קריסטליכער מאָראַל? דאס איז די מאָראַל וואָס הערשט אין דער וועלט און די באַהערשט אויך די גרויסע מעהרהייט פון די מענשען ווען אַפילו זיי דענקען פונקט פאַרקעהרט.

און, וואס האט אויפגעטון די קריסטליכע מאָראַל פאַר די צוויי טויזענד יאהר וואָס זי הערשט? איך וואלט מיך ניט דערוועגט צו זאָגען אַז דער היינטיגער מענש שטעהט מאָראַליש העכער ווי דער מענש פון די ערשטע יאהרהונדערטען קריסטענטום. די טוגענדהאַפ־טיגקייט פון דער קריסטליכער רעליגיע וואלט באַדאַרפט ווערען דורכ־אויס אַ ווירקליכקייט אין די ערשטע יאהרען פון איהר עקזיסטענץ: דאַן אפשר האט זי געהאַט אַן איינפלוס איבער יענער חרוב'דיגער ציוויליזאַציע, וואס האָט ניט געקענט ביישטעהן אַנטקעגען דעם יונגען, גלוטיגען בלוט פון די נארד פעלקער. שפעטער אָבער האָט זי פאַר־לוירען איהר ווירקונגס מאַכט און איז געוואָרען אַ שטערונג פאַר דעם מענשליכען פאָרשריט.

די אינטעלעקטועלע העכערקייט פונ'ם איצטיגען דורכשניטליכען מענשען איבער די פאַרצייטיגע איז גרויס, די מאראלישע העכערקייט איז אָבער אַ צווייפעלהאַפטע. מיר וועלען זיך דערין איבערצייגען אויב מיר וועלען אַריינדרינגען ביז דער טיפעניש פונ'ם גייסט. וועלען מיר בלייבען אויף דער אויבערפלאַך, דאַן קענען מיר זיך לייכט טועה זיין, ווארום דער היינטיגער מענש איז זעהר פעהיג צו פאַרקליידען

דעם געפיהל. און דער אמת איז אַז דער מענש פּראָגרעסירט גאַנץ ווייניג מאָראַליש, און דאָס ביסעל וואס ער פּראָגרעסירט ווערט קיים איינגעקריצט אין זיינע מח־צעלען און ער גיט עס כמעט ניט איבער צו זיינע יורשים: דערפאַר האָבען די קינדער אַ גאַנץ רויהע מאָראַלישען באַזיס.

זאָלען מיר באַגרינדען די מאָראַל אויפ׳ן אַלטרואיזם ווי דאס ווילען די וואָס דענקען אומצופייטען די רעליגיע אויף דער פילאנטראפּיע? וואס־זשע פּאַר אַ באַזיס וועלען מיר געבען אָט דעם אַלטרואיזם, אייב ניט דעם רעליגיעזען? יעדע געביידע וואס איז געשטעלט אויף דער רעליגיע און אויף דעם פּשוט׳ען אלטרואיזם, האט ניט אין דער אמת׳ן קיין שטיצפּונקט. איך דענק אַז די סאָציאַלע עטיק איז אַ גרויסער ליגען: איך דענק אַז דער דינאמיזם פון דער וועלט איז באַזירט אויף צביעות, און אַז טיף אינ׳ם מענשליכען האַרצען איז פאראַן בלויז עגאאיזם.

דער מענש פאַרמאַסקירט בלויז דעם דאָזיגען עגאאיזם מיט אַ וועלכען עס איז פאַלשען אידעאַל כדי צו באַרעכטיגען דאס שלעכטס וואס ער טוט. און דאס זעלבע, דענק איך, איז אין דער ספּעהרע פונ׳ם יחיד ווי אין דער קאָלעקטיווער ספּערע, דאָס זעלבע זעה איך אין די פאַרניכטונגס מיטלען וואָס דער מענש נעהמט אָן כדי אַוועקצונעהמען ביים צווייטען זיין געלט אדער די מיטלען ווי צו מאַכען געלט פון אַ צווייטען, ווי אין דער פאַרניכטונגס אַרבייט און גרויזאמקייט וואס די פעלקער באַגעהן ווען זיי נוצען זיך מיט מלחמות כדי צו פארנעהמען לענדער, גיטער, מערק, וואס זענען פריהער געווען ביי אַנדערע עהנליכע פעלקער.

אָט דעם עגאאיזם איז אויך צו זעהן ביים קינד און אָט דערויף שטיין איך מיך ווען איך וויל אויך אין דעם פאַל אָנווענדען פעהרערס טעאריע. נאכוואס זאלען מיר פארהיילען די ווירקליכקייט? נאכוואס זאָלען מיר פעלשען דאָס וואס איז זיכער אין פאזיטיוו? איז דען ניט בעסער צו שטיצען זיך אויף אַן אמת איידער אויף אַ פיקציע? אַזוי ווי די נאַטירליכע אויסערונג פונ׳ם קינד איז דער עגאאיזם, לאמיר

זעהן צי איז ניט פאַראַן אַן אופן צו באַגרינדען אויף איהם אַ לעַ-
בענספעהיגע מאָראַל, און, איידער צו בילדען אַ געזעלשאַפט פון
איינגעצוימטע היפאקריטען, לאמיר בעסער פרואווען אַוועקשטעלען
אַ וועלט וואס זאל זיין באַזירט אויף דאס איינציגע אמת׳דיגע וואס
איז פאראן אין דער מענשליכער נאַטור. צוליב דעם באַדאַרף מען
פארשען די מאָראַלישע עמפינדונג פון די קינדער, איבערלאזענדיג
פאַר זיי אַ געוויסע פרייהייט פאנאנדערצולאזען זיך. אפשר וועלען
מיר אַזוי אַרום אנטדעקען די ריכטשנורען וואס פיהרען צו אזא גע-
זעלשאַפטליכען צושטאַנד וואס זאל זיין רעלאַטיוו פולקאמענער ווי
דער איצטיגער.

אַט דאָס זענען די מאָטיווען וואָס צווינגען מיך צו ערקלערן זיך אַלס
אנהענגער פון פעררערס פעדאגאגישען סיסטעם, איבערהויפט וואס
אנבאלאנגט די דריי טעטיגקייטס געביעטען וואס איך האב אפגע-
שריבען און פאר וועלכע מיר שיינט צו זיין פאסיג, צוליב אַן אַל-
געמיינעם אויסדרוק, פאלגענדע פארמולע: דער פעדאגאָג דאַרף רעס-
פעקטירען דעם פיזישען, אינטעלעקטועלען און מאראלישען ווילען
פונ׳ם קינד, נאכקומענדיג איהם מיט פארשטענדניש און זוכענדיג צו
אנטוויקלען זיין טוגענדהאַפטיגקייט אין אַ גוטטוענדער ריכטונג.

==

## פינפטער קאפיטעל

# א מיסיע צו דערפילען

בנוגע דעם פונקט זאגט פעררער:

„וואס-זשע, אלזא, איז אונזער מיסיע? וואס-זשע, אלזא, פאר אַ
מיטעל דאַרפען מיר אויסקלויבען מיט וועלכען מען זאָל מיטווירקען צו
דער באַנייאונג פון דער שולע?

לאמיר אויפמערקזאם נאכפאלגען די אַרבייט פון די וויסענשאפטס-
מענער וואס פאָרשען דאס קינד און לאמיר זוכען די וועגען ווי אנצו-
ווענדען זייערע ערפאהרונגען צו דער ערציהונג וואָס מיר ווילען אַוועק-
שטעלען, אין דער ריכטונג פון אַן אַלץ מעהר פולשטענדיגער באַ-

פרייאונג פונ׳ם יחיד. ווי אַזוי וועלען מיר דערגרייכען אונזער ציעל? דערמיט וואס מיר וועלען העלפען גרינדען נייע שולען וואו עס זאל ווי ווייט מעגליך איינגעפיהרט ווערען אַט דער גייסט פון פרייהייט וואס מיר פיהלען פאַר אַז ער וועט באַהערשען די ערציהונגס ארבייט פון דער צוקונפט. לאמיר צעשטערען דאס אַלץ וואס אין דער איצ-טיגער שולע באַלאַנגט צו דער ארגאניזאציע פון צוואנג, די גע-קינסטעלטע סביבות וואו די קינדער זענען דערווייטערט פון דער נאטור און פונ׳ם לעבען, די אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע דיס-ציפלין מיט וועלכער מען באַנוצט זיך כדי ארויפצוצווינגען פארטיגע געדאַנקען, גלויבונגען וואס פאַרדארבען און פארניכטען די ווילענס. לאָמיר אַוועקשטעלען דאס קינד אין דער נאַטירליכער סביבה וואו ער זאל זיך געפינען אין באַריהרונג מיט אַלץ וואס ער ליבט און וואו די לעבעדיגע איינדריקען זאָלען פארנעהמען דאס אָרט פון די דערווידערדיגע ווערטער-לעקציעס. און ווען אפילו מיר זאלען טון ניט מעהר ווי דאָס, וועלען מיר האָבען שוין צוגעגרייט אין אַ גרויסער מאָס די באַפרייאונג פונ׳ם קינד.

אַט דאָס זענען אונזערע פראיעקטען: מיר ווייסען ווי שווער דאס איז דורכצופיהרען; מיר ווילען אָבער אנהויבען די זאַך, זייענדיג איבערצייגט אז מיר וועלען אין אונזער אַרבייט באַקומען די הילף פון די וואס קעמפען אומעטום צו באַפרייען די מענשען קינדער פון די דאגמען און פון די אנגענומענע מיינונגען.“

דאס זענען, אין סינטעז, די אידעען פון פראנציסקא פעררער איבער דער פעדאגאגיע. איך בין זיכער אַז די מיינונג, פונ׳ם פע-דאגאגישען שטאַנדפונקט, וואס עס האבען וועגען איהם די מעהרסטע פון די וואס ציטירען איהם, איז אַ פאלגע פון דער ליידענשאַפט-ליכער באַציהונג צו איהם און דערפון וואס זיי האָבען ניט שטודירט דירעקט זיינע ווערק. אמת איז אַז זיין לעבען אין די לעצטע צייטען פון זיין אַקציאָן איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אונגעוועהנליכע אומשטענדען, און דאס באַמיסטיגט דאס פעלד פאַר דער פאנטאַזיע.

דער העכסטער מאָמענט אינ׳ם לעבען פון אַ מענשען איז דער

מאָמענט פון טויט, ווען ער קען אין זיין אנטשיידענדען אויגענבליק אנהאַלטען די גאנצע לעבענס ענערגיע. פ. פעררער האט געוואוסט ווי צו שטאַרבען הערואיש: דערפאר געווים ווערען בלייך אַלע איינ־צעלהייטען פון זיין לעבען אַנטקעגען זיין גרויסער טראַגעדיע. לאמיר אבער געדענקען אַז אין יענעם אַלערהעכסטען אייגענבליק האט אַרי־בערגעפלאָסען פון זיין ברוסט די שטאַרקע ליבע וואס ער האָט גע־פיהלט צו דער מאָדערנער שולע וואס ער האָט געשאַפען. ער איז געגאנגען צום טויט, נאר אין איהר האט ער פארטרויט די אונ־שטערבליכקייט פון זיין גייסט. פון מיין זייט לעג איך אַרויף אויף זיין קבר אַ קראַנץ. דערמיט וואס איך שטודיר איצט זיין ווערק, גיב איך אָפּ מיין חלק באוואונדערונג דעם דאָזיגען מענשען וואס זיין טוגענד איז געווען דער ווילען און וואס זיין טאַלאַנט איז געווען דער קלאָרער בליק אין דער צוקונפט.

פעררער איז ניט געווען קיין אינטעליגענט פון דעם געוועהנלי־כען שניט; ער איז געווען אַ מענש וואָס האָט געקענט זעהן וואס פאַר אַ פעהלערן עס האט די איצטיגע ערציהונג און וואס פאר אַ מיטלען מען דאַרף אננעהמען זיי צו פאַרריכטען. ער האָט באַוויזען אויסצוגעפינען דאס שקלאַפען־אייזען וואס בראנדמאַרקט דעם מח פון די קינדער; ער האָט באוויזען אנצוטאַפען דעם פורעם וואָס פאַרקריפעלט די קערפערס און די נשמות פון די דאָזיגע שוואַבע וועזענס און מאַכט זיי פאַר אייביגע געפאַנגענס קנעכט פון דער פארגאנגענהייט. און ער האָט צעבראָכען דאָס אייזען און האָט צע־ריסען דעם פורעם. ווען ער האָט אונז געזאָגט: רעספעקטירט דעם פיזישען, מאָראַלישען און אינטעלעקטועלען ווילען פונ'ם קינד, האט ער באַפרייט דעם מענשען.

דעם טאָג וואס זיינע אידעען וועלען טריאומפירען, וועט שוין מעהר ניט וואַקסען דער מענשליכער וועזען צווישען שאטענס און גרילען, נאר צווישען זון און ליכטיגקייט. יעדער דור וועט זיין דער הערשער פון זיין גורל, ניט קיין שקלאַף דערפון וואס עס האבען געשאַפען יענע וואס האבען צוריק מיט צוויי טויזענד יאהר גע־

הערשט איבער דער וועלט. וואס געהט עס אונז אָן וואָס משה האט געשריבען דעם חומש, און מיט וואָס פאַר אַ רעכט וויל מען אונז צובינדען צו דער אָנפאַנגס וויסענשאַפט פון זיין צייט? וואָס געהט עס אונז אָן וואָס די געזעלשאַפט פון דער געפאַלענער, אויסגעשעפטער און פארדאָרבענער, אומוויסענדער און עגאָאיסטישער רוימישער אימפעריע, האָט זיך גענויטיגט אין די קריסטליכע אידעאַלען כדי אריינצואַטעמען אביסעל לופט וואס זאל זי ראטעווען פון דערשטיקט צו ווערען? מיר לעבען אין אַן אַנדער צייט, מיר האָבען אַנדערע אידעאַלען און מיר פיהלען אַנדערע באַדערפענישען. מיר ווילען ניט קיינע מיטען און קיינע פיקציעס; מיר ווילען געניסען און קענען דאָס לעבען, דאָס לעבען אַליין, ניט דאָס פאַנטאַסטישע, נאָר דאָס ווירקליכע, דאָס וואָס אַנטוויקעלט זיך אין דער וועלט, דאָס איינציגע לעבען וואָס מיר קענען אָביעקטיוו.

דאָס לעבען איז גוט, און מיר ווילען געניסען דערפון ווי דאָס קינד וואָס קומט אויף דער וועלט. דאָס קינד ווייסט בעסער פון אונז וואָס דער מענשליכער אָרגאַניזם פארלאַנגט; נאָר אַז ער הויבט אָן לעבען, הויבט ער אָן ליידען פון אַ לאַנגזאַמער. און שטופענווייזער באַשניידונג פון אַלע זיינע אינסטינקטען און פון יעדען נאַטירליכען אינערליכען שטוים. די וועלט קאסטרירט צוערשט זיין ווילען און מאַכט איהם פאר אַ שקלאַף, דערנאָך זיין אינטעליגענץ און מאַכט איהם פאר אַ דאָגמאַטיקער און, צולעצט זיין געפיהל, זי רייצט אויף זיין ליידענשאַפט און פארשטאפט זיין אמת'ן עמפינדונגס פארמעגען.

אָט דאָס איז די אַרבייט פון אונזער געזעלשאפט, די טאָכטער פון בבל און ירושלים. מיר וועלען זי באפרייען דערמיט וואס מיר וועלען באַפרייען דאָס קינד. מיר וועלען ריכטען איהרע טריט אין דער ריכטונג וואָס ע ר וועט זיי אָנווייזען, און מיר וועלען איהם געבען דעם גאנצען אוצר פון וויסען וואס מיר קענען כדי צו פארלייכטערן זיין אַרבייט; מיר וועלען איהם אָבער ניט אַראָפּפיהרען פון זיין וועג.

מיר װעלען זיך ניט אָפּשטעלען פֿאַר קיין אוממעגליכקייט; דאָס אוממעגליכע עקזיסטירט ניט. עס עקזיסטירט בלויז די מורא פֿאַר דער באַנייאונג פּנים לעבען װאָס עס פֿיהלען די צבועקעס און די בייזװיליגע. אַ מורא עס זאָלען ניט פֿארניכטעט װערען די השערות װאָס האַלטען געפֿאַנגען די װיסענשאַפֿט און פֿארהאַלטען זי אויף איהר װעג; אַ מורא עס זאָלען ניט אַראָפּ פֿון זייער ליניע די עטישע פּרינציפּען װאָס האַלטען אויף אינ'ם צושטאַנד פֿון טראַגלאַדיטישער װילדקייט אונזער געזעלשאַפֿט; אַ מורא עס זאָל ניט איינפֿאַלען דער גאַנצער הויפֿען מיט פֿאַראורטהיילען, טעותים און ליגענס װאָס פֿילען אים דעם קערפּער און דעם גייסט פֿון דער איצטיגער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע.

מען מוז אָפּטוישען די מורא כּדי צו קענען לעבען. ערשט װען דער מענש װעט װערען מוטיג און איבּערינטיג װעט הערשען דער פֿריעדען אויף דער װעלט.



די אידישע ראַציאָנאַליסטישע געזעלשאַפט האט ביז איצט אַרויסגעגעבען די פאלגענדע בראָשורען:
זשאן גראוו, די בורזשואַזע און די פרייהייטליבע
ערציהונג 30 סענט.

פ. אוראלעס, די פרייע שולע 20 „

פ. עלסלאנדער, אַ בעזוך אין אַ מאדערנער שולע 30 „

כ. אנטיטש, פראנסיסקא פעררער'ס פעדאַגאָגיע 20 „

די פאלגענדע ביכער פון די אויסגאבען פון לאָנדאָנער „אַרבייטער פריינד" קען מען קריגען צום קויפען אין דער געזעלשאַפט:

פ. קראָפאָטקין, די מאדערנע וויסענשאַפט און די אַנאַרכיע, 400 זייטען, שעהן אַרויסגעגעבען און געבונדען 5.25

„ ברויט און פרייהייט, 345 זייטען, געבונדען 2.50

זשאן גראוו, די אָפּשטארבענדע געזעלשאַפט און די אַנאַרכיע, 280 זייטען, געבונדען 2.—

מיט באשטעלונגען זיך ווענדען:

**Asociación Racionalista Israelita**

Sucursal 15, Casilla 16

**BUENOS AIRES**

*Tip. Krasilovsky y Pertsovsky. V. Gomez 2700, Bs. Aires*